גע׳זאמלטע שריפטן פון

שלוימע דאַווידמאַן

# וואָס די גאַס דערציילט

ערשטע זאמלונג

ניו יארק —:— 1935 —:— פילאדעלפיע
אויטאָרס אויסגאבע

# אינהאַלט:



---

Was Di Gas Dertzeilt



17


Printed in U. S. A.

# נאָך אַ קינדער שול

קאַפּיטעלע איינס

אין דער שטאָט פילאַדעלפיע,
אויף פּעסיאַנק גאַס:
וואוינען דאָרט מענטשן
פון אָרעמען קלאַס.

מענטשן מיט זאָרגן,
אָרעם, אין נויט:
וואו לייען, וואו באָרגן
פאַר קינדער אויף ברויט?

אַרום שטייען געסלעך,
שמאָלע און קליין;
די הייזקעס — פאַרסמאַליעט,
די טירלעך — געמיין.

עס וואוינען דאָרט נעגערס,
איטאַליענישע אויך —
זעלטן מע הייצט דאָרט,
מע זעט ניט קיין רויך.

עס וואוינען דאָרט אידן,
פול אנגעפּאַקט;
און אַלע צוזאַמען —
ווי שמאַטעס אין זאַק.

## קאפיטעלע צוויי

אנטקעגן אריבער,
אויף עוועניו אייט,
שטייען זיך קראמען
באסיש צעשפרייט.

מיט טייערע מאנטלען,
גלאנציקע שיך;
„פלענטי” פאר יעדן
אויספוצן זיך.

און וויל מען זיך נייען,
אליין פון געוואנט:
איז וואלנס און זיידנס
פון גאנצענעם לאנד.

שלייקעס און העמדער,
הויזן און רעק —
שמאלע — פאר קליינע,
פאר פעטע — ווי זעק.

און פענצטער מיט עסן,
מיט פלייש און מיט ברויט —
עס ווייסט ניט דער קרעמער
פון הונגער און נויט.

שטייט מען באם פענצטער,
מיט סלינע אין מויל,
מע קריצט מיט די ציינער,
מע ציטערט — א גרויל.

קאַפּיטעלע דריי

און פּונקט אויף אינמיטן
שטייט דאָרט אַ „באַנק";
אַ מויער, אַ הויכער,
אַ געסל — די לאַנג.

די פענצטער מיט גראַטעס,
פון אייזן — די טיר:
דאָרט ליגן בריליאַנטן
און געלט — אָן אַ שיר.

עס ליגט דאָרט באַהאַלטן,
דאָס באָסישע געלט,
דער באָס האָט באַגאַנוועט
דעם אַרבעטער'ס וועלט.

מע טאָר עס ניט נעמען,
ס'איז הייליק פּריוואַט:
„ווער ס'האָט ניט קיין סייכל —
האָט קיין געלט ניט געהאַט! . . ."

קאַפּיטעלע פיר

און לעבן דעם טויער —
אַ קלויסטער פון שטיין:
רופן די אָרעמע,
דאַוונען גיין.

זיך בויגן און קניען,
פאר׳ן מעכטיקן גאָט:
„ער פירט אָן מיט יעדן,
וואָס האָט ניט און האָט! . . .״

דער וואָס איז זינדיק,
האָט ניט קיין ברויט.
— ווערסטו ניט גלויבן,
שטארבסטו פון נויט! . . .״

„שטיל און געהארכזאם,
דארפסטו נאָר זיין,
און אַז דו וועסט שטאַרבן
אין גאָן-איידן אריין! . . .״

בעטן די מענטשן,
צום מעכטיקן גאָט:
„ער באַשיצט יעדן איינעם,
וואָס האָט ניט און האָט! . . .

קאַפּיטעלע פינעף

אנטקעגן דעם קלויסטער,
די „סינאגאג-שול״:
אום שאבעס און יאנטעוו,
מיט ארעמע פול.

עס האָבן זיך אידן,
באַזונדערס אַ גאָט:
ער לאכט פון די קריסטן,
פון נעגערס — מאכט שפּאָט.

הייליק איז קלויסטער,
די שול און די „באַנק"—
יעדע פון זיי איז,
אַ געסל — די לאַנג.

קאַפּיטעלע זעקס

אינמיטן די געסלעך,
שטייט דארט אַ סקול:
מיט טויזנטער קינדער,
מיט ארעמע פול.

די באסישע לערער,
שלאָגן אין „קלאַס",
מיט ווירעס אויף קינדער
פון ארעמען קלאַס.

זיי „לערנען" די קינדער,
אַז ארעם און רייך:
„באַ אונדז אין אַמעריקע"
לעבן זיך גלייך.

„מיר, אמעריקאנער,
צי ארעם, צי רייך,
לעבן ווי ברידער,
ווי פישלעך אין טייך".

„נאָר אַט די נעגערס,
און „פרעמדע" אין לאנד
מאַכן דאס לעבן
צו שפּאָט און צו שאַנד".

זיי ברעכן געזעצן,
און פירן אַ סטרייק —
רייסן זיך שלאָגן,
ווי כאַיעס פון שטייג! . . ."

„פיינט האָב די „פרעמדע",
אַזוי זאָגט געבאט.
גלויב אין דעם פּרעזידענט,
גלויב נאר אין גאט! . . ."

פאָלג וואָס די באָסעס
הייסן דיר טאָן:
„גלויב אין די שטערן
פון הייליקער פאָן! . . ."

„דין מיט די „בוי-סקאוטס",
וואקס אַ סאָלדאַט! . . ."
פאַרטיידיק די באסעס
אין הייליקן שטאַט.

„אַז אַרבעטער סטרייקן,
איז דאָס — פּאַראַט.
שים אָף דיין טאַטן —
זיי אַ סאָלדאַט! . . .״

„מיר גיבן די „פרעמדע״,
אַ לאַנד און אַ הויז —
זיי ווילן ניט פאָלגן —
שיקט זיי אַרויס! . . .״

„געפעלט ניט די „רויטע״,
אַמעריקע־וועלט,
— טאָ גייט אייך קיין מאָסקווע,
אויב אייך ניט געפעלט! . . .״

מיט שרעק און מיט מוירע,
אין פּאַבליק סקול קלאַס,
לערנט מען „טוירע״
פון באָסישן קלאַס.

אַרבעטער טאַטעס
ווערן פאַרשעמט,
קינדער פון מאַמעס
ווערן פאַרפרעמדט.

„קינד פון אַמעריקע,
דיין טאַטע איז „גרין״ —
ער קען ניט קיין ענגליש,
שעם זיך מיט אים! . . .״

פֿרעמד זײַנען קינדער,
פֿון אָרעמען קלאַס,
צו זײערע עלטערן
פֿון פּעסיאַנק גאַס.

קאַפּיטעלע זיבן

און אלץ איז נאָך װײניק
פֿאַר באַסישן קלאַס;
פּלאַנצט ער רעליגיע,
שפּרײט ראַסן־האַס:

„ביסט דאָך אַ נעגער,
הױט איז גאַר שװאַרץ,
ניט װי באַ װײַסע,
דײַן קינדערשע האַרץ! . . .

און דו, איטאַליענער,
ביסט „לאָקש” און ביסט „װאַפּ”,
מיט מעסערלעך שטעכן,
און דערלאַנגען אַ קלאַפּ! . . .

„און דו ביסט אַ „שיני”,
פֿאַרשאָלטענער איד . . .”
שלאָגן זיך קינדער,
אױף שריט און אױף טריט.

עס לערנט דער קלויסטער,
די קינדער אַ ליד:
„אַז קריסטן און אידן,
מישן זיך ניט!"

„עס האָבן די אידן,
דעם יעזוס געטויט . . .
זיי נעמען בײַ קריסטן,
דעם לעבן, דאָס ברויט!" . . .

און טאַלמיד־טוירע
פון „סינאַגאָג־שול,"
מיט אָרעמע קינדער
איז רוישיק און פול.

„אידעלעך קליינע,
פון אָרעמען קלאַס:
פיינט האָט די קריסטן,
די נעגערס אין גאַס! . . ."

בייזקייט און פרעמדקייט,
ווערט דאָרט געזייט!
„פיינט האָב דעם צווייטן!"
לערנט, פאַרשפּרייט.

קינדער מיט קינדער,
פון אָרעמען קלאַס,
שלאָגן זיך שטענדיק
אַף פּעסיאַנק גאַס.

קאַפּיטעלע אַכט

אין דרויסן איז ווינטער,
אַ פראָסט און אַ קעלט —
ס׳האָט עמיץ אינמיטן
אַ שילד אויפגעשטעלט.

אַ שילד אַזאַ שיינע,
די בוכשטאַבן רויט,
אינמיטן דערינען
אַף אידיש צעשפּרייט:

„אידישע קינדער שול 10
באַם
אינטערנאַציאָנאַלן
אַרבעטער אָרדן".

עפּעס אַ נייעס,
אַף פּעסיאַנק גאַס —
וואונדערט זיך יעדער,
פון אָרעמען קלאַס.

„אי ס׳איז אַף אידיש,
אי ס׳איז גאַר „רויט"—
מע לערנט דאָרט קינדער
קעמפן פאַר ברויט".

מע לערנט אַף אידיש,
אַז אָרעם און רייך,
דאַרפן גאָר קעמפן,
זיינען ניט גלייך.

מע לערנט אַף אידיש:
„אַז ווייס, געל און שוואַרץ,
אַבי נאָר מע אַרבעט,
האָט מען איין האַרץ".

מע לערנט אַף אידיש,
פון סאָוועטן פאַרבאַנד —
אַף וועלט איז דאָס בעסטע,
אַן אַרבעטער לאַנד.

מע לערנט אַף אידיש,
פון לענין און מאַרקס:
„אַז אַלע צוזאַמען,
זיינען מיר שטאַרק!".

מע לערנט אַף אידיש:
— נישטאָ איז קיין גאָט.
עס דערציילט גאָר דער לערער
אַ נייעם געבאָט:

„דער וואָס עס אַרבעט,
דער וואָס עס בויט —
האָט רעכט צו לעבן,
האָט רעכט אַף ברויט".

„אַז אַלע פּאַלאַצן,
רייכטימער, געלט,
הייזער און באַנען,
וואָס נאָר אַף דער וועלט.

שיפֿן אױף יאַמען,
מינען אין לאַנד,
באַלאַנגט גאָר דאָס אַלעס,
צו אַרבעטער האַנט!".

„און אַט די באַסעס,
װאָס הערשן אַצינד,
איבער טאַטעס, מאַמעס
און אַרבעטער קינד.

זײַנען גאָר רױבער,
װי כאַיעס אין װאַלד —
זײ האָבן באַגאַנװעט
די װעלט מיט געװאַלד".

די אַרבעטער ברידער
פֿון סאָװעטן פֿאַרבאַנד,
האָבן באַסעס געשלאָגן
און געקראָגן דאָס לאַנד.

רױבער און פּריצים
געהײסן גײן —
און די פּירער פֿון לעבן
געבליבן אַלײן.

עס איז בלױז אַן אָנהױב,
אַ זעקסטל פֿון ערד —
אין אַנדערע לענדער
לעבט זיך נאָך שװער.

דאָס שווערסטע פון אַלע,
אַמעריקע-לאַנד:
דאָס לעבן איז אָרעם,
אַ וויי'טיק, אַ שאַנד.

עס האָבן די רייכע,
פאַר זיך אַלדעסגוטס —
און אַרבעטער לעבן
אין הונגער און שמוץ.

דאַרפן די קינדער
פון אַרבעטער קלאַס,
העלפן און קעמפן
אַף פּעסיאַנק גאַס.

טאַטע און מאַמע
און אַרבעטער קינד,
דאַרפן צוזאַמען
קעמפן אצינד.

אַרבעטער נעגער,
איטאַליענער און איד, —
זינגען אינאיינעם
אַ קעמפערייש ליד:

„עס איז שוין דער לעצטער,
אַנטשיידענער שטרייט —
מיט ביקסן און פאַנען,
שטייט אויף אַרבעטס-לייט!"

עס קוקן די קינדער
דעם לערער אין מויל.
עס טרעפן די ווערטער —
אין הארצן א קויל.

דער טאטע אן ארבעט,
די מאמע נאר קלאגט —
עס איז טאקע עמעס,
וואס לערער אונז זאגט.

ס׳האט טאטע געארבעט,
געבויעט א וועלט —
איצט איז גאר הונגער,
אין הויז איז א קעלט.

עס זיצן נאך קינדער
ניט רואיק אף ארט,
עס מאכט זיך, ניט קלאר איז
דעם לערער׳ס א ווארט.

נאר אלע פארשטייען,
אז גוט לערער מיינט
ווייל פא איז אן ארבעט,
און מאמע נאר וויינט.

פארשטייען שוין אלע,
אז עפעס דא פעלט —
געבויט האט גאר אנדערש
געדארפט זיין די וועלט.

אַנדערש איז עפּעס
אין אַרבעטער שול,
מע פילט זיך דאָ פרייער,
גאָרניט ווי סקול.

דאָ איז דאָך יעדער,
אַ כאַווער, אַ פריינט —
ניטאָ גאָר קיין קינדער,
וואָס לערער האָט פיינט.

עס שטראָפט ניט דער לערער,
„מיט פּאָנים צום וואַנט.”
ער שלאָגט ניט די קינדער
מיט ווירע אַף האַנט.

ער רעדט אזוי הארציק,
דערציילט אזוי פיין,
ער איז גאָר צו יעדן
אַ כאַווער, אַ פריינט.

געוואוינט זיינען קינדער
צו שטרענגקייט פון סקול —
און איניקע שטיפן
שוין צופיל אין שול.

עס שטיפן די שטיפער,
גאָר רייד זיינען רייד —
הערט מען אַ מייסע,
מע טראַכט, מע פאַרשטייט.

עס לעבן די קינדער
פון ארבעטער שווער —
— אינאיינעם מיט טאַטן
צום קאַמף, פּיאָנער!

עס גלאַנצן די אויגן
אין שול בא דעם קינד —
פאַרשטייט מען שוין אַנדערש
דאָס לעבן אַצינד! . . .

קאַפּיטעלע ניין

און מאָנטיק אין אָוונט
קומען צו גיין
טאַטעס און מאַמעס
צום שול־פאַראיין.

דערווייל נאָך אַ גרופּע,
דערווייל ניט קיין סאַך —
„וואָס בעסער פאַר קינדער,
מע רעדט און מע טראַכט.

קעמפן פאַר קליידער,
פאַר שיך אין דער סקול,
דאַרפן די טאַטעס
און מאַמעס פון שול.

עס דאַרפֿן די קינדער
מער מילך און ברויט —
עס טאָרן ניט וויסן
קיין קינדער פֿון נויט.

עס ווייסן ניט אַלע,
ווי קעמפֿט מען דאָס אויס,
העלפֿט דאָרט דער לערער
מיט פּלענער אַרויס.

ער רעדט צו די טאַטעס,
די מאַמעס דערקלערט —
לייענט פֿאַר זיי ביכער,
ביז קלאָרער אַלץ ווערט.

ניט אַלע נאָך טאַטעס
קומען צו גיין —
אָבער צו ביסלעך
ווערט גרויס דער פֿאַראיין.

קאַפּיטעלע צען

בענקלעך און טישן,
בילדער גאַנץ שיין —
עס בויט זיך אַ צענטער
פֿון שולן־פֿאַראיין.

טרעפט זיך אַ ברודער
געוואָרן איז קראַנק,
ער האָט ניט קיין רייכקייט,
קיין געלט אין דער באַנק.

מען מוז שוין אַ דאָקטאָר,
רופן אַהיים —
גיטאָ צו באַצאָלן —
וועט ער ניט גיין.

האָט מען געגרינדעט
פון אָרדן אַ צווייג,
וואָס העלפט יעדן איינעם,
וואָס גייט נאָר אין סטרייק.

קאַפּיטעלע עלעף

אַ כּאַווער, אַ כּאַווער,
אָט זענען נאָך צוויי,
מע גרינדעט אַ יוניט,
פון דער קאָמפּאַרטיי.

ווייסע און שווארצע,
וואָס לײַדן נאָר נויט,
לערנט דער יוניט
צו קעמפן פאַר ברויט.

ליידסטו נאָר הונגער,
קיין אונטערשיד,
איטאַליענער צי נעגער,
פּאָליאַק צי איד.

אַרבעטער ברידער,
לייגט צו אַ האַנט,
קעמפן צוזאַמען
פאַר אַרבעטער לאַנד.

קאַפּיטעלע צוועלעף

די צאָל פון די קינדער,
וואָס קומען אַהער —
נאָך ניט קיין גרויסע,
פאַרשטייען נאָך שווער.

אָבער עס ווייסט שוין
די פּעסיאַנק גאַס,
אַז דאָ איז אַ צענטער
פון אַרבעטער־קלאַס.

עס ווייסן שוין אַלע
ס׳קאָמוניסטישע הויז —
ווער עס וויל קעמפן,
לערנט זיך אויס.

אז טאַטע און מאַמע,
קינדער און פריינט,
ווערן געלערנט
קעמפן מיט פיינט.

עס ווערט דאָרט געלערנט
מיט וואָרט און מיט טאַט, —
מוטיק דאַרף קעמפן
אַ רויטער סאָלדאַט.

עס גרייטן זיך אַלע
צום ליכטיקן טאָג,
ווען די אַרבעטער מאַסן
וועלן געבן אַ זאָג:

— גענוג האָבן באַסעס
די זון אונז פאַרשטעלט,
קומט, לאָמיר אַלע
באַפרייען די וועלט! . . .

און אַלע צוזאַמען
פון פעסיאַנק גאַס —
ווער ס'איז אַ פריינט נאָר
דעם אַרבעטער-קלאַס,

וועט העלפן אַ הויב-טאָן
די אַרבעטער האַנט —
וועט אַמעריקע אויך זיין
אַ סאָוועטישע לאַנד! . . .

## פון קעמפּ קינדערלאַנד

### ספּאָרט

מאַכט מיט די זייטן,
מאַכט מיט די הענט.
דרייט זיך ווי קייטן
און שטעלט זיך ווי ווענט.
בלאָזט אָן אַ בויך,
אַז גיין זאָל אַ רויך.
שטייט אַף אָן ארט
און רעדט ניט קיין וואָרט.
קלאַפּט מיט די שיך,
איינס, צוויי, דריי, גיך.
אַריין אין דעם וואַסער.
אַרויס, ביסט אַ נאַסער.
רירט זיך פון אָרט,
דאָס איז דאָך ספּאָרט!

### דאָקטער

ער איז אַ גרויער,
ניט קיין שרייער.
פּלייצעס, ווי אַ טויער,
באַשמירט ער, ברענט אַ פייער.
יעדער קינד וועגט ער.
עסט מען גרינע עפּל,
עס טוט וויי דאָס קעפּל —
אין בעט אריין לייגט ער.
שטעק ארויס די צונג — זאָגט ער.
דאָס איז אונדזער דאָקטאָר.

## טענצעריין

שיין ווי אַ קינד,
גרינג, ווי דער ווינט,
פליט זי געשווינד.
אַ מאַך מיט דער האַנט,
בלייבן אַלע געשפּאַנט,
גלייך שטיין, ווי אַ וואַנט.
אַ בויג מיט'ן קעפּל,
גרוים, ווי אַן עפּל.
אַ פּאַך מיט'ן פוס,
גרוים, ווי אַ נוס.
אַ דריי מיט'ן קערפּער, ווי אַ גאַנדז
און ס'איז שוין פאַרטיק אַ טאַנץ.

## קינדער־טאָג

וואָס זשע טוט מען היינט אַליין?
פריי איז קעמפּ היינט, פריי איז טייך,
וואוהין איך וויל מיר, קען איך גיין,
קעמפּ איז היינט דאָך שיין און רייך.

איך וועל קוויטשען, גרילצן העכער,
טומלען היינט ווי מיר געפעלט,
שפּרינגען וועל איך אויף די דעכער —
קינדערטאָג איז איינגעשטעלט!

באָדן זיך פון פרי ביז נאַכט,
מאַכן קונצן אַלערליי,
ניט געקלערט און ניט געטראַכט,
שפּרינג אין וואַסער, איינס און צוויי.

---

הענט ניט וואַשן, ציין — ניט ריין,
און מיין בעט וועל היינט ניט מאַכן,
פוסט און פּאַס וועל איך מיר גיין
און פון יעדן זיך אויסלאַכן.

אָפּגעריסן, אָפּגעשליסן,
און פאַרשמוציקט, ווי אַ טרעמפּ,
זאָל עס אימיצן פאַרדריסן —
היינט איז קינדערטאָג אין קעמפּ!

שלעכטע קינדער, זיינען ווייניק,
גוטע, זיינען דאָ אַסאַך,
פּיאָנערן זיינען איייניק,
שטאָלץ און פעסט, ווי ווענט צום דאַך.

העלן לעניג׳ס קינדער שווערן,
באַ דער סערפּ־און־האַמער פאָן:
מיר העלפן, ווי די פּיאָנערן,
ווען דער קינדערטאָג קומט אָן.

„שטענדיק גרייט זיין, פּיאָנערן!"
דאָס איז כאַוועטר לענינס זאָג.
— באַ דער רויטער פאָן מיר שווערן . . .
לעבן זאָל דער קינדערטאָג!

---

## טעלמאַן

ער זיצט דאָרט פאַרשפּאַרט אין דער פינצטער,
מיט פויסטן געביילטע צום קאָפּ.
עס נעמט אים קיין שרעק ניט קיין מינדסטער,
עס פאַלט אים זיין מוט ניט אראָפּ.

---

דו ביסט אונזער קעמפער דער בעסטער,
דו ביסט אונזער פירער אין שלאַכט —
עס שלאָגן זיך ברידער און שוועסטער,
אין קאַמף פאַר דער אַרבעטער מאַכט.

עס פייניקט אין תפיסע דיך היטלער,
די כאַיע אין מענטשלעכער פעל·
ניטאָ אויף דער וועלט איז קיין מיטל
צו טויטן דיין קעמפערשע זעל.

טעלמאַן, דו ברודער און כאַווער,
טעלמאַן, דו אַרבעטער־העלד.
מיר קומען, ווי שטורמישע לאַווע,
באַפרייען, באַנייען די וועלט.

אַט קומען אויף מאָרגן שוין ווידער,
די העלדן פון ווערדינגער גאַס.
מיט פאָן און מיט לענינשע לידער,
מיט שלאַכטן פאַר אַרבעטער־קלאַס.

עס שאָקלען זיך טראָנען פון היטלערס,
צעפוילט ליגט דער וועלט קאַפּיטאַל.
טעלמאַנס און טארגלערס, דימיטראַווס
פירן דעם קאַמף איבעראַל.

„באַפרייט אונזער פירער העלד טעלמאַן!”
דונערט אַ קאָל איבער וועלט.
פאַראייניקט מיר קעמפן ווי איין־מאַן
פאַר ברודער און כאַווער און העלד!

---

שלוימע דאַווידמאַן

זעקס און צוואַנציק

# כײקעלע

שװאַרצע לאַנגע צעפּעלעך,
אַ שמײכל אױף די ליפּן —
פֿאַרדרײט זי אונדז די קעפּעלעך,
װילט זיך איר נאָר שטיפּן.

די אױגן גרױס, נעזל — שנאָבל,
פּיסלעך טאַנצן גאַנצע טעג אַרום.
אַ שטױס, אַ קלאַפּ, אַ קניפּ, אַ גראַבל —
קען מען זי שױן אומעטום.

לידער קען זי, שטימעלע — אַ גלעקל,
גאַרגלט זי אַ גאַנצן טאָג פֿון האַלדז.
כאַפּט זי װאָס, אַ שטעקל צי אַ פּלעקל,
און עס גײט באַ איר אַװעק אַ װאַלץ.

טאָמער װאָס, װעט זי אײך באַלד שװערן,
גיבן דעם פּיאָנערן ערן־װאָרט:
זי װעט די אַרבעט מער ניט שטערן,
און זיצן רואיק אױף אַן אָרט.

אַרױף די האַנט, דאָס קעפּל אױסגעצױגן,
שװערט זי באַ דער רױטער פֿאָן,
און אָנגעשפּאַרט די בליקן אין די אױגן:
„פּיאָנערן־װאָרט, כ׳װעל שױן מער ניט טאָן!“

ווילסטו ניט, ווילסטו יאָ איר גלויבן,
אַז אַ שמייכל הענגט אויף ליפּן ברייט.
מיטאַמאָל ווערט זי גאָר דערהויבן,
לענינ׳ס קינד, ווי גרויס און שטאָלץ
עס שטייט!

שוואַרצע, לאַנגע צעפּעלעך,
אַ שמייכל אויף די ליפּן.
פאַרדרייט זי אונז די קעפּעלעך —
עס ווילט זיך איר נאָר שטיפן!

## ערשטער מאַי

1.

מאַי־טאָג, מאַי־טאָג,
קומט שוין אָן.
נעמט אַרויס
די רויטע פאָן.

2.

קומט אַרויס
מיט פאָן אַף גאַס,
קינדער פון דעם
אַרבעט־קלאַס.

3.

פּאַפּע, מאַמע,
קומט אַרויס,
זאָל פּאַראַד
זיין שיין און גרויס.

4.

רויטע זון
פֿאַר אונדזער גליק.
מיר ווילן מער שוין
ניט קיין קריג.

5.

היט זיך, היט זיך,
באָס, פֿאַשיסט.
עס גייט אַף דיר
דער קאָמוניסט.

6.

עס גייט אַף דיר
דער פּיאָנער,
מיט רויטער פֿאָן
און לעניג׳ס שווערד.

7.

פֿרייד און גליק
און ברויט צו זעט,
קען אונדז ברענגען
נאָר סאָוועט.

8.

מאַי־טאָג, מאַי־טאָג,
קומט שוין אָן,
נעמט ארויס
די רויטע פֿאָן.

# עס זיינען ניין אינגל֞עך פון מאַמעס אַנטל֞אָפן

.1

עס זיינען ניין אינגל֞עך פון מאַמעס אַנטל֞אָפן,
אַנטל֞אָפן פון היימען מיט הונגער און נויט,
זיי האָבן זיך אַלע אַף וועגנס געטראָפן,
זוכן אַן אַרבעט, זוכן אַף ברויט,
זיינען די מאַמעס געבליבן אין היימען,
אַף פּאָנים אַף שווארצן גערונען האָט טרער:
וואָס זשע וועט העלפן דער מאַמעניום וויינען,
אַז ל֞עבנס פון שווארצינקע קינדער איז שווער.
האָבן די מאַמעס געקוקט אין די פענצטער,
און פּונקט ווי אַ זייגער געקל֞אַפּט האָט דאָס הארץ:
אַ זינדל איז שטענדיק ביי מאַמען דער שענסטער,
צי הויט איז אַ רויטע, צי הויט איז גאר שווארץ.
עס טאָרן גאָר נעגערס קיין קינדער ניט האָבן,
עס טאָרן קיין נעגערס ניט וויסן פון גליק:
האָט זיי דער הונגער ניט קינדווייז באַגראָבן,
וואַקסן זיי אונטער, טויט זיי אַ שטריק.
בל֞אָנדזשען די מאַמעס מיט אויגן אין פינצטער,
עס וואַרפן די שאָטנס פון ווענט אַן אַ שרעק,
עס זוכן די בליקן אַ שטראַל-ליכט אַ מינדסטן,
עס זוכן די מאַמעס פון הונגער אַ וועג.
שטיקן זיך מאַמעס אין שטילקייט מיט טרערן,
ווילן אַ טרייסט כאָטש, טרוימען אַ טרויס:

וואָס סע זאָל ווערן אין לעבן אין שווערן,
זאָלן כאָטש אינגלעך ניט הענגען אַף בוים.
זיי האָבן געהערט אַז די וועלט האָט צוטיילט זיך,
נאָך ניט אין דער סאָוט איצט, נאָר ערגעץ גאַנץ ווייט:
פון איין זייט האָבן די רייכע געשטעלט זיך,
אַף צווייטער — שוואַרצע און ווייסע אַרבעטער לייט.
האָט מען אַ נעגערשן מענטשן באַליידיקט,
שטעלט לענדלאָרד די שוואַרצע פון היימען אַרויס:
זיינען אַרבעטער ווייסע געקומען, פאַרטיידיקט,
און אַרבעטער שוואַרצן באַזאָרגט מיט אַ הויז!
זאָלן די אַרבעטער אָרימע מענטשן,
באַשיצן אַנטלאָפענע שוואַרצע גיין זין,
מיט ברויט און מיט אַרבעט זאָלן זיי בענטשן,
ווען זיי וועלן בעשאָלעם נאָר קומען אַהין.

.2

עס זיצן די קינדער פאַרטראַכט און זייער ערנסט,
עס הערשט איצט אין שול גאָר אַ מאָדנער געפיל,
ס'האָט לערער דריי מאָל זיך געריבן דעם שטערן,
און אַ מייסע מיט טרויער געוועבט אין דער שטיל:
עס זיינען גיין אינגלעך פון מאַמעס אַנטלאָפן,
אַנטלאָפן פון היימען מיט הונגער און נויט;
זיי האָבן אַף וועגנס זיך אַלע געטראָפן,
זוכן אַן אַרבעט, זוכן אַף ברויט.
געוואַלגערט אין פראַכט-באַן, אַף מיסטן געליגן,
נישטאָ פאַרן פאָרן צו צאָלן קיין געלט.
זיי וועלן אַן אַרבעט אין שטאָט ערגעץ קריגן,

מע דאַרף דאָך אַזויפיל פאַריכטן די וועלט!
צוזאַמען אין פּראַכט־באַן זיינען געפאָרן,
פיר ווייסע מענטשן, געקריגט זיך, ווי טרעמפּס:
צי האָבן זיי ערגיץ די וועגן פאַרלאָרן,
אָדער זיי לויפן פון טורמישן קעמפּ.
די באַן איז געגאַנגען, געפאָרן, געלאָפן,
מיטאַמאָל זיך פאַרמאַטערט, געשטעלט זיך אין פעלד:
פּאָליציי האָט געזוכט און געזוכט און געטראָפן,
ניין שווארצע אינגלעך, וואָס פאָרן אין וועלט.
די טרעמפּישע יונגען, זיי טייטן מיט פינגער,
עס האָבן די ווייסע אַ מייסע דערציילט:
— דאָס זיינען גאָר ניין גאַנאַווישע קינדער,
זיי פירן זיי טאַקע צו פּאָליציי.
עס האָבן די שווארצע געשלאָגן, באַליידיקט,
שלאָגן גאר מיידלעך, וואָס זיינען נאך וויים!
ווען זיי וואָלטן אין צייט ניט געכאַפּט און פאַרטיידיקט,
וואָלט דאָ שוין געשען אַ מאָרד אַף אַ ניים.

3.

זיצן ניין אינגלעך אין טורמע פאַרשפּאַרטע,
געטריבן פון הונגער, אַנטלאָפן פון נויט.
מיט דאָרשטיקע צינגלעך, פאַרמאַטערט, פאַרשמאַכטע,
זייער איינציגער שולד איז, עס פעלט זיי אַף ברויט!
עס ווילן די באַסעס דערמאָרדן די אינגלעך,
אַף נעגערשע מענטשן צו וואַרפן אַ שרעק:
עס זאָלן ניט וואַגן די מאַסן פון הונגער,
ווייסע מיט שווארצע גאָר קעמפן איינוועגס.

ווען סע ווערן די אַרבעטער אַלע פֿאַראייניקט,
זיינען זיי מעכטיק, ווערן זיי שטאַרק,
ציטערן באָסעס, זיי זיינען גאָר ווייניק,
האַלטן זיי שוואַרצע באַזונדער דערפֿאַר.
זיינען די קעמפֿער פֿון שטעט און פֿון לענדער,
קאָמוניסטן, כאַווײרים, אַף לעבן געטריי:
הערט איבער וועלט זיך אַ ריזיקער וואונדער:
— די סקאָטסבאָראָ אינגלעך מוזן זיין פֿריי!
און סע דאַרפֿן די קינדער פֿון אַרבעטער שולן,
קעמפֿן ווי ברידער, ווי העלדן פֿאַר זיי,
מיט קויכעס מיט אַלע, מיט מויל אַזאַ פֿולן,
דאַרף זיך דערהערן אַ הויכער געשריי:
— די סקאָטסבאָראָ אינגלעך זיינען ניט שולדיק,
פֿאָדערן אַלע, לאָזט זיי באַלד פֿריי!
מיר וועלן ניט זיין מער צו באָסעס געדולדיק,
מירן וועלטן גאָר אויפֿירן סאָוועטיש און ניי!

## איציק שפּיציק און די סקאָטסבאָראָ אינגלעך

זיין מייסע נומער פֿינעף,
האָט זייער אַ טיפֿן זינען.

ס'האָט איציקל שפּיציק געהערט היינט אַ מייסע;
געשלונגען די ווערטער פֿון לערערשן מויל:
עס וועבן אַ בילבל די רייכע, די ווייסע,
לינטשן ניין אינגלעך, — סע כאַפּט אָן אַ גרויל.
עס זיינען ניין אינגלעך פֿון מאַמעס אַנטלאָפֿן,

פון היימען מיט הונגער, פון היימען מיט נויט.
זיי האָבן אַף וועגן זיך אַלע געטראָפן,
זוכן אַן אַרבעט, זוכן אַף ברויט.
„עס האָבן די שוואַרצע געשלאָגן, באַליידיקט.
שלאָגן גאָר מיידלעך, וואָס זיינען נאָך ווייס!
ווען זיי וואָלטן אין צייט ניט געכאַפּט און פאַרטיידיקט,
וואָלט דא שוין געשען אַ מאָרד אַף אַ נייס."
דאָס האָבן צוויי טרעמפּן דערציילט די לעגענדע,
עס זיינען די אינגלעך גאָר רויבעריש שלעכט.
מען פייניקט, מען מאַטערט אַן אויפהער, אַן ענדע,
באַרויבט זייער פרייהייט, באַרויבט זייער רעכט.
עס ווייסן שוין אַלע: זיי זיינען ניט שולדיק.
אין וועלט זיי געיאָגט און געטריבן האָט נויט.
עס זאָלן די נעגער נאָר שקלאָפן געדולדיק,
דאַרפן זיי שרעקן מיט לינטשן, מיט טויט.
ס'איז איציקלען טיף דאָס אריין שוין אין זינען,
געטראַכט און געכאַלעמט אַ טאָג מיט אַ נאַכט,
אַן ערנסטע מייסע דערציילט נומער פינעף,
ס'האָט איציקל שפּיציק אַליין אויסגעטראַכט:
ס'איז איציק געפלויגן אין לאַנד פון סאָוועטן,
ס'האָט שפּיציק געצויגן אין לענינשן לאַנד:
„די סקאַטסבאַראָ אינגלעך מוז מען באַלד רעטן,
מען מוז זיי באַפרייען פון טורמישער וואַנט.
עס וויל זיי דער רייכער אין טורמע פאַרדאַרבן,
ניין נעגערשע אינגלעך פון הונגער און נויט.
וועלן אַף עלעקטרישן שטול זיי ניט שטאַרבן,
וועט מען אין טורמע דערשטיקן צום טויט!"
זיצט אַזוי סטאַלין, די האַנט אַפן שטערן,

---

און טראכט פון די ארבעטער קינדער אַף וועלט:
עס וואַקסן אין לענדער, אין שטעט פּיאָנערן,
פּיאָנער איז אַ קעמפער, פּיאָנער איז אַ העלד!
„ווייסע און שווארצע זיינען די זעלבע,
וואַרעם דריקט סטאַלין אַ כאַווערשע האַנט —
מיר וועלן ניט לאָזן זיי שעכטן ווי קעלבער,
די סקאַטסבאָרא אינגלעך פון „גאָלדענעם לאַנד!"
ס'האָט סטאַלין דערלאַנגט אים אַ גאָלדענעם שליסל,
צעשפּרייט אויף זיין פּאָנים אַ רויטינקע פּאָן.
געהייסן די העלדישע קינדער דאָרט גריסן:
לענינשע פרייהייט אַף לענדער קומט אָן!
ס'האָט לענין געזאָגט אַזאַ וואָרט, אַזאַ קלוגן:
אַרבעטער־קינדער, שטענדיק זייט גרייט!
לערנען און קעמפן, קעמפן ביז זיגן,
פאַר שוך און פאַר פרייהייט, פאַר בוך און פאַר קלייד! . . .
ס'האָט איציק געקראָגן אַ פלי־־פלאַן אַ רויטן,
צו פליען פון מאָסקווע וואוהין נאָר ער וויל.
אַ פליער, אַ כאַווער, וואָס ווייסט אַלע נויטן,
געזעצט זיך מיט אים און געזאָגט אין דער שטיל:
— דו איציקל, זאָג נאָר, וואוהין דאַרפן פליען,
ווייז מיטן פינגער מיר אָן נאָר דעם אָרט.
וועל איך שוין ניט שלאָפן, וועל איך שוין ניט רוען, —
ס'האָט סטאַלין פאַרזאָגט כאַווער לענינ'ס אַ וואָרט:
דיין לעבן באַלאַנגט צו די אַרבעטער מאַסן,
דיין לעבן געהער צום פּראָלעטאַריאַט.
מיר דאַרפן באַפרייען די נעגערשע ראַסע, —
פלי זשע מיט איציקן, ער איז אַ יאַט.
מיר זיינען געפלויגן, געפלויגן, געפלויגן,

איבער לענדער און יאַמען און וועלדער און שטעט.
עס האָבן זיך בילדער אָן אויפהער געצויגן, —
מיר זיינען געפלויגן ווי אין אַ געוועט.
מיר זיינען געפלויגן, געפלויגן, געפלויגן,
אַט זיינען מיר שוין לעבן טורמעשער וואַנט.
די וועכטער, זיי כראָפּען, פאַרקלעפּט זיינען אויגן, —
נעם איך דעם סטאַלינשן שליסל אין האַנט.
אָן עפן דעם טויער, אריין אין דער קאַמער,
וועק איך די סקאַטסבאָרא אינגלעך פון שלאָף.
איך ווייז זיי די פאָן און דעם סערפּ און דעם האַמער:
— עס איז שוין צו ליידן געקומען אַ סאָף!
ס׳האָט סטאַלין געשיקט אייך אַ פלי־פלאַן אַ רויטן,
ס׳האָט סטאַלין געשיקט אייך אַ רויטינקע פאָן.
אַ פליער געשיקט אייך, וואָס ווייסט אַלע נויטן,
אַ גרוס אייך געשיקט, אַז די פרייהייט קומט אָן!
פאַרפעקלט אין פלי־פלאַן די סקאַטסבאָרא אינגלעך,
זיי פליען און פליען אַף לענדער און שטעט, —
עס טראָגן זיי איצטער סאָוועטישע פליגלען,
זיי פליען קיין מאָסקווע צום גרויסן באַנקעט:
סטאַלין וועט האַלטן אַ רעדע, אַ גרויסע,
איציקל שפּיציק וועט שטיין בײַ דער זייט,
אַ ליד וועט מען זינגען און הויבן די פויסטן,
ווי ברידער באַגריסן סאָוועטישע לייט! . . .
וועט פרעגן דער באָס מיט שרעק און מיט ציטער:
וואו זיינען די אינגלעך? איך זע זיי ניט דאָרט!
וועט מען אים זאָגן: זיי זיינען באַפרייטע,
דו וועסט פאַרנעמען אַצינד זייער אָרט.

---

# טרעמפּישע אינגלעך

## קאַפּיטעלע איינס

די ווענט, — זיינען בערגער מיט גראָזן און שטיינער,
דער הימל מיט שטערן,—דאָס איז דער דאַך.
עס האָט זיך פאַרזאַמלט אַ גרופּע, אַ קליינע,
טרעמפּישע אינגלעך אינמיטן דער נאַכט.
פון העלצלעך און שפּענדלעך צינדט מען אַ פייער,
מע טוליעט פון קעלט זיך, די הענט אַף די קני.
איינער דערציילט דאָרט אַ מייסע, אַ נייעס,
אַ צווייטער פאַרציט זיך אַ טרעמפּישע ליד.
קליידער צעריסן, צעשליסן, מיט לאַטעס,
טאַטעשע, מאַמעשע, ברודערשע שיך;
פאַרלאָזן די מאַמעס, פאַרלאָזן די טאַטעס,
אַוועק אין דער וועלט אַריין לעבן פאַר זיך.
פאַרלאָזן די שטיבלעך, פאַרלאָזן די הייזער,
פאַרלאָזן די שטאָט און פאַרלאָזן די גאַס;
אַף וועגן אַף פרעמדע נישטאָ איז קיין ווייזער,
טראָגט טרעמפּישער אינגל צו מענטשן אַ האַס.

ס׳האָט דזשאָן שוין געגאַנוועט באַם פאַרמער אַן אינדיק,
ס׳האָט דזשעק דזשעק שוין צעריסן אַף צווייען אַ האָן;
זיי זיינען ניט שולדיק, זיי זיינען ניט זינדיק,
זיי האָבן קיין גלויבן, זיי האָבן קיין פאָן.
זיי רויכערן שפּיצלעך סיגאַר, סיגאַרעטן,
וואָס ס׳וואַרפן די מענטשן אַף וועגן אַוועק;
פון היימישן לעבן זיי לאַכן און שפּעטן,
זיי זוכן קיין ציל ניט, זיי זוכן קיין וועג.
טאָניעלע קומט אַזש פון לעבן אַטלאַנטיק,
סעמי — פון פּענסילווייניע שטאַט,
מאָרי שפּאַנט גאָר אַהער פון פּאַסיפיק, —
ס׳האָט יעדער זיין מייסע, ס׳איז יעדער אַ יאַט.
דאָס בעטל, — אין פעלד מיט אַ קולאַק צו־קאָפּנס,
קאָלדרע דינע, געמאַכט פון פּאַפּיר,
ס׳האָט נויט זיי אהערצו אַף ווינטן געטראָגן,
ס׳האָט הונגער — דער טייוול, אַהער זיי פאַרפירט.
נישטא שוין קיין שפּענדלעך, עס לעשט זיך דאָס פייער
קומט אָן שוין אַן אומעט, ווערט מען פאַרטראַכט.
עפּענען מיילער די טרעמפּלעך, די נייע,
דערציילן זיך מייסעס אין פינסטערער נאַכט.
ניט איינס און ניט צוויי און ניט דריי און ניט פינעף,
ניט פיר און ניט זיבן, ניט זעקס און ניט אַכט,
טרעמפּישע מייסעלעך האָבן אַ זינען,
וואָס אינגלעך אַ צענדליק דערציילן באַנאַכט.

קאַפּיטעלע צוויי

ס׳האָט דזשאַני געטאָן אַזאַ הוסטל אַ פּיפּיקס,
דאָס היטל געגעבן אַ שמיץ אין דער ערד;

אַ מעסער געוואָרפן מיט שוואונג ווי אַ שטיפער,
ס'אַריין אין דער ערד, ווי אין האַרצן אַ שווערד:
מיין טאַטע געווען איז אַ וועבער אַ וואוילער,
געאַרבעט מיט פליים יעדן טאָג אין דער וואָך;
שרייט גאָר דער פאַרמאַן, אַז ער איז אַ פוילער.
דער באָס דאַרף דאָך זיידנס אַ סאַך מיט אַ נאָך.
אַרבעט און אַרבעט, דער קאָפּ ווערט געבויגן,
אַרבעט און אַרבעט, ווי לעמל, ער שווייגט.
ביז מען האָט איינמאָל אַ לידל פאַרצויגן,
ס'האָבן די וועבער אין שטעטל פאַרסטרייקט.
די מיל איז געשלאָסן, עס פייפט ניט דער קוימען,
עס דרייען זיך סטרייקערס אַרום אויף דער גאַס:
זיינען די באָסעס מיט סקעבס אַנגעקומען,
פּאָליציי־לייט געבראַכט און פון סטרייקער געשפּאַסט.
די סטרייקערס זיי שרייען מיט צאָרן און סינע:
„אַ סטרייק איז דאָ, ברודער, זיי ניט קיין סקעב!
נאָר דורך קאַמף וועלן אַלע געווינען!"
פליען שוין שטעקנס אויף אַרבעטער־קעפּ.
אָט ליגט שוין מיין טאַטע אויף גאַס אויסגעצויגן,
מיט טייכעלעך בלוט אויף געזיכט און אין קאָפּ! . . .
און מער האָט ער שוין ניט געעפנט די אויגן! . . .
און דזשאָני לאָזט אויך שוין די בליקן אַראָפּ.

## קאַפּיטעלע דריי

האָט דזשעק אים דערלאַנגט אַזאַ קלאַפּ אין דער פּלייצע,
און אַ שנאָל אים געטאָן אין דער שפּיץ פון דער נאָז:
— צי ביסטו אַ מאַן שוין, צי ביסטו אַ שנייצער? —
הערט נאָר פון פאַרד'ן, מיין טאַטנס אַ באָס:

ס'האָט טאַטע געשליפט בא מאַשינען די שרייפלעך,
אַן אויפהער באַוועגט זיך אַהין און אַהער,
די הענט און די פיס און דער קאָפּ, ווי פאַרשטייפטע,
זיינען געוואָרן פון אַרבעטן שווער.
און אַלעמאָל דאַרפן נאָר האָרעווען שווערער,
גיכער און שנעלער, מאַשינען „ספּיד אַפּ",
געלט גיט ער ווייניקער, — שרייפעלעך מערער,
און איינמאָל אינגאַנצן די שעפער פאַרקלאַפּט.
ס'האָט טאַטע אַף גאַסן גענומען זיך שליאָיען,
זוכן אַן אַרבעט, זוכן אַף ברויט,
ניטאָ איז קיין ברעקל אין מיילער צו קייען,
פון צימער צו צימער שפּאַצירט אום די נויט.
האָבן זיך טויזנטער טאַטעס פאַרזאַמלט,
וואָס האָבן פאַר פּארד'ן מאַשינען געבויט,
מיט לידער, פלאַקאַטן, זיך רואיק געגאַנגען,
בעטן אַן אַרבעט, פאָדערן ברויט.
פּלוצים, מע לויפט און מע שיסט פון די זייטן,
עס פאַלן די טאַטעס ווי סנאָפּעס אַף דר'ערד.
מע קרעכצט און מע אויקעט, אט דאָרטן גאר שרייט מען,
געבעטן אַ ברויט און געקראָגן אַ שווערד.
איצט גייט ער ארום מיט אַ קויל אין דעם הארצן,
און קלייבט אויף די שטיקלעך און ברעקלעך פון מיסט,
זיין פּאָנים ווערט וואָס אַמאָל דאַרער און שוואַרצער,
און לעבן ווערט ביטער און לעבן ווערט וויסט.
מאַך איך מיר איינמאָל: „דזשעקעלע, לעבן,
דאַרפסטו דאָ שטאַרבן פון הונגער און קעלט? —
די פיס אַף די פּלייצעס, לויף אַף די וועגן,
גרויס איז דאָס לאַנד און רייך איז די וועלט

---

שלוימע דאַווידמאַן פּערציק

ס'האָט טאַני געגעבן אַ וויש אַפּ דאַס נעזל,
און אַ זשמעניע מיט שפּייעכץ דערלאַנגט אַזאַ כראַק,
פון דער ערד מיטן וואָרצל געריסן די גרעזלעך,
געשאָטן אַף שנעל, ווי פון לאָך אין אַ זאַק:
מיין טאַטע געווען איז אַ סקעב און אַ שיקער,
געשלאָגן די קינדער, געשלאָגן די מאַ.
מיין לייב איז פון פּאַסיק צעשניטן אַף שטיקער, —
אָט אַזאַ בייזער, געווען איז מיין פּאַ.
שפּאַגעטי, שמאַגעטי, גאָר איטאַליעניש,
ער רעדט מיט אונז גאָר קיין ענגלישן וואָרט,
געזשליאָקעט דעם וויין און געגרעבצט אַזוי היימיש,
ווי אַ קיניג באַם טיש, אויבנאָן איז זיין אָרט.
ביז איינמאָל, אום ווינטער, געברענט האָט אַ פּרעסטל,
דער טאַטע, געאיילט זיך אין גרויסן פּאַרטאָג.
די מאַמע לייגט עסן אריין אין זיין קעסטל,
און אַ בראָכע, אַ שטילע, אים פרום נאָכגעזאָגט.
ער עפנט די טירן, ווייס איז דער דרויסן,
ער שפּאַנט און סע סקריפּעט דער ווייסינקער שניי.
פּלוצים, באַווייזן זיך מענטשן גאַנץ גרויסע,
מיט מעסערס גאָר לאַנגע און שאַרפע, מיט צוויי.
איינער פאַרשטעלט אים דעם וועג מיט די שאַרפן,
אַ צווייטער שרייט אויס הויך: „זיי גיט קיין סקעב!"
אַ דריטער גאָר בעט זיך, מיט האַנט אַפן האַרצן:
„דו פאָלג און אהיים גיי, וועסט כאַפּן באַלד קלעפּ!"
מיין טאַטע, אַ בייזער, נעמט זיך באַלד שלאָגן:
וואָס הייסט גאָר, מען וואָגט אים פאַרשטעלן דעם וועג . . .

ס׳האָט מאַמע געוואָלט באַלד אַ שריי טאָן, וואָס זאָגן . . .
שוין טאַטע געפאַלן, ווי אַ בוים פון דער זעג.
פון דער היים איז געוואָרן אַ פינצטערער קעלער,
מאַמע און שוועסטער פאַרוויינען דעם קאָפּ —
מע דאַרף זיך ארויסרייסן וואָס גיכער, וואָס שנעלער
בין איך אוועק און אַהערצו אַראָפּ.

קאַפּיטעלע פינעף

מאַרי רוקט היטל אריבער די אויגן,
קנעכלט די פינגער נערוועאיש און בייז,
ער ווערט ווי אַ כאַיע צוזאַמענגעצויגן,
און רעדט אַזוי שאַרף, און דערציילט אַזוי היים:
אַך, איז מיין טאַטע געווען אַזאַ גוטער,
געלערנט מיט קינדער, איידל גערעדט,
מייסעס דערציילט מיר, געגלעט ווי אַ מוטער,
געשפּילט, ווי אַ כאַווער פאַר שלאָפן אין בעט.
מיר זיינען צוזאַמען שפּאַצירן געגאַנגען,
גערעדט און געשמועסט, ווי גלייכע צוויי פריינט.
שטענדיק דערפילט האָט ער מיינע פאַרלאַנגען,
און אַ שמייכל פון פּאָנים האָט שטענדיק געשיינט.
ס׳האָט איינמאָל אַ שילער געשטעלט אים אַ פראַגע,
צי איז טאַקע עמעס: אין הימל זיצט גאָט?
האָט טאַטע געדרייט זיך אין קריטישער לאַגע:
— קינדער, איך וויים ניט, דאָס איז אַ סאָד! . . .
אַף מאָרגן האָט טאַטע אַ בריוול באַקומען:
„גלויבן אין גאָט דאַרף מען אָן אַ פאַרוואָס!״
זיין שטעלע האָט באַלד שוין אַ צווייטער פאַרנומען,
וואָס וועט „ערלעכער״ דינען צו גאָט און צו באָס.

און פּנים פון טאַטן באַדעקט האָט אַ טרויער,
וואָכן, מאָנאַטן, ער שווייגט און ער שווייגט.
מאַמע און שוועסטער אין הויז אים באַדויערט,
ס'האָט טאַטע מיט רעדן אינגאַנצן פאַרסטרייקט.
אין אַ טאָג, אין אַ שיינעם, מיר וואַרטן אַף טאַטן,
מיר וואַרטן, מיר וואַרטן, ער קומט ניט אַהיים.
ס'האָט קיינמאָל מיין טאַטע געלאָזט אַף זיך וואַרטן,
וואוהין האָט מיין טאַטע היינט שפּעט געקענט גיין? —
ס'איז טאַטע ארויף אין דער שטיל אַפן בוידעם,
שטייף אַפן האַלדז זיך פאַרקניפּט מיט אַ שטריק . . .
מיר שרייען, מיר וויינען, מיר פּרואוון אים הוידן . . .
צוזאַמען מיט טאַטן געשטאָרבן דאָס גליק.

קאַפּיטעלע זעקס

ס'האָט סעמי גענומען זיך קראַצן אין קעפּל,
און שפּייען מיט העלצלעך אַף הימל און ערד,
געשאַרט דאָרט אין קעפּל, ווי קאַשע אין טעפּל,
אַ מינוט זיי דערציילט, אַ מינוט זיך באַקלערט.
איך ווייס ניט צי וועט איר פאַרשטיין גאָר מיין טאַטן,
איך ווייס ניט צי האָט איר אַזוינס שוין געהערט:
„ווי מאַכט מען מענטשן זאָלן שטענדיק זיין זאַטע",
האָט ער שטענדיק געטראַכט און שטענדיק געקלערט.
שטענדיק דערציילט מיר און שטענדיק געלערנט:
„זעסטו די הייזער, די באַנען, דאָס לאַנד,
די מויערן, הויכע, וואָס גרייכן ביז שטערן,
דאָס האָט געבויט די אַרבעטער האַנט.
און פאַר דער אַרבעט דער שווערער און שיינער,
אַרבעטער הונגערט, וואוינט ער אין קעלט. —

עס דאַרפֿן די אַרבעטער, אַלע ווי איינער,
קעמפֿן צוזאַמען פֿאַר בעסערער וועלט!"
פֿלעגט טאַטע צוזאַמען מיט אַנדערע טאַטעס,
סטרייקן און קעמפֿן טאָג איין און טאָג אויס.
מען האָט אים פֿאַרשפּאַרט אין די אייזערנע גראַטעס
מען זאָגט, ער וועט קיינמאָל פֿון דאָרטן אַרויס.
און איינמאָל, געדענק איך, פֿלעגט ער דערציילן,
אַז דאָרטן אַריבער, ערגעץ גאַנץ ווייט,
פֿלעגט מען די ערד גאָר אױף גלײכן צעטײלן,
פֿאַבריקן געפֿירט גאָר פֿון אַרבעטער־לייט.
אויך דאָרטן געווען זיינען דאַכלאָזע קינדער,
אויך דאָרטן געווען זיינען קינדערשע טרעמפּס . . .
און אַ מאָן אַזאַ שטאַרקער, אַ לענין ווייזט וואונדער,
יעדן באַזאָרגט ער מיט הויז אָדער קעמפּ.

קאַפּיטעלע זיבן

ס'האָבן טרעמפּישע אינגלעך געקוקט אויפֿן הימל,
ס'האָבן טרעמפּישע אינגלעך זיך ערנסט פֿאַרטראַכט:
געזשמורעט די אויגן אין כאַלעס, אין דרימל,
געזוכט וואו דעם אויסוועג אין פֿינצטערער נאַכט.
ס'האָט סעמי געוויזן דעם וועג מיטן פֿינגער:
„קומט, לאָמיר גיין, לאָמיר זוכן דאָס לאַנד!
פֿון סערף און פֿון האַמער לידער דאָרט זינגט מען,
דער נאָמען פֿון לאַנד איז סאָוועטן־פֿאַרבאַנד!"
צען טרעמפּישע אינגלעך צו וועגן אַלאַסקער,
טראָגן מיט אימפּעט זיך זוכן אַ לאַנד,
די ווינטן און שנייען, זיי בלאָזן און טראַסקען,
קעגן דעם שטורעם שטאַלצע מען שפּאַנט!